„Radomer-Kielcer Leben" 50 (340) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem VII-טער יאָהרגאַנג פּרייז 25 גראָשען

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

היינט א זייט.

Radom, dnia 26 Grudnia 1930 r.

ראַדאָם, פרייטאָג ו' טבת תרצ"א

Redakcja i Administracja
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.

אַנאָנסען - פּרייז:

אין מיליםעטער שורה: פאָרן טעקסט 40 גר.
" " אין " 60 "
" " נאָכ'ן " 25 "

די 1-טע און לעצטע זייט ענטהאַלטען 8 שפּאַלטען
אין טעקסט 4 "



מג שים אנחנו ברכתנו החמה ולבבית אל כבוד הנדיב
ר' ד ו ד ק אַ פּ ע ר נ"י ו ר ע י ת ו תחי'
ברכת מזל טוב לרגלי ארושת ב ת ם המהללה כרת מ ר י ם תחי'
עם ב"ג הבחור המהלל מר פּ נ ח ס א ל י ה ו ה א ו ל ף נ"י מקראקא
תהי' אגדתם ברוכה וישבעו מהם רוב עונג ונחת

ועד דת"ת הכללית בראדום.

---

צו די תנאים פון אונזער קוזינקע
מ ר י ם ק אַ פּ ע ר מיט ה' פּ נ ח ס ה א ל ף פון קראקא
ווינשען מיר א הערצליכען מזל טוב

אברהם לוקסענבורג און פרוי

---

אַ הערצליכען מזל טוב
דער פאמיליע ד ו ד ק אַ פּ ע ר און פ ר ו י
צו די תנאים פון זייער טאָכטער מ ר י ם ק אַ פּ ע ר
מיט ה' פּ נ ח ס ה א ל ף פון קראקא.

נטע מאנעלא און פרוי

---

אַ הערצליכען מזל טוב ווינש איך צו די חתונה מיין חבר
י ה ו ד ה צ ו ק ע ר מיט ח ו ה ש מ ע ד ר אַ
זאָל אייער נייער לעבענס וועג זיין בעלויכטען מיט בריליאנט-שטראַלען

משה נייַדיק.

---







## עפענטליכע ענטשולדיגונג.

די בעליידיגונג, וואָס איך האָב זיך אויסגעדריקט בעגען פרנס ר' מאטיל אייזמאַן אויף די זיצונג פון די רעליגיעזע קאָמיטע וועלכע איז פאָרגעקומען מיטוואָך פ' ויגש אין לאָקאל פון היגען רב שליט"א, ציה איך צוריק און בין איהם מפייס ברבים.

יצחק מענדעל צוקער ז"ב

---

נ"ע

## אליעזר פרענקעל

וויצע-פּרעזעס פון דער פערוואַלטונג פון סוחרים-פעראיין אין ראַדאָם
איז נאָך קורצע ליידען אין עלטער פון 69 יאָהר
געשטאָרבען פרייטאָג כ"ט כסלו.

אין נפטר האָט דער יודישער סוחרים פעראיין פערלוירען א אונערמידליכען
עסקן און איבערגעגעבענעם פריינד פון ראַדאָמער סוחר'טום.

עהרע זיין אָנדענקונג

ומתין לו רגלו עהרן. ו'תוין 'צ'ב'ה

ראַט און פערוואַלטונג
פון **סוחרים-פעראיין**
אין ראַדאָם.

# דאס יודישע שפיטאל דארף זיך געפונען אין רשות פון יודישע הענד.

די גאנצע שטאדט ווייסט, אז דאס שפיטאל, וואס שטעהט אויף סטארא-קראקאווסקא (נייע וועלט) איז א יודיש שפיטאל; די גאנצע שטאדט ווייסט, אז דאס יודישע שפיטאל איז אויפגעבויט געווארען דורך דעם קיינמאהל נישט פערגעסענעם גרויסען נדבן ר' ראובן בעקערמאן ז"ל. ס'איז אויך בעוויסט פאר דער גאנצער שטאדט, אז אין אלע יאהרען, זינט דאס דערמאנטע שפיטאל אויף נייע-וועלט איז אויפגעשטעלט געווארען, זענען דארט תמיד געלעגען יודישע קראנקע, וואס צוליב זייער ארימען, אדער נישט-פערמעגלי-כען מצב האבען זיי נישט געהאט די מעגליכקייט זיך צו היילען אין דער היים און געמוזט אנשפארען זייערע קראנקע אברים אין דער דאזיגער אויסערסט-וויכטיגער אנשטאלט.

אין משך פון יאהרען-צעהנדליגער איז דאס שפיטאל געווען אויסשליס-ליך אין יודישע הענד. די הצטרכות'ען די אויסגאבען, דער אזוי-גערופענער בודזשעט פון שפיטאל איז געדעקט געווארען טיילווייז דורך סובסידיעס פון דער יודישער קהלה, טיילווייז פון דער רעגיסטראט-קאסע, ווי אויך פון פריוואטע נתינות, וואס זענען פון צייט-צו-צייט איינגעפלאסען.

אין יענער צייט האבען זיך א חוץ דעם געפינען גוטע יודישע הערצער וואס האבען זיך פעראינטערעסירט מיט די קראנקע אין יודישען שפיטאל, דאס איז געווען מעהרסטענטייל פרויען, נשים צדקניות'ען, וואס האבען אפט געבראכט גוטע ספּייזע ווי: וויין, מילך, עפּעל, פּאמעראנצען א. ד. גל. מיט וואס זיי האבען אונטערגעלעהנט די הערצער פון די שוואכע און קראנקע.

נעהנטער אויך צייטען ווען די בעקאנ-טע הילפ'ס-געזעלשאפט „עזרה" האט זיך מיט דעם דאזיגען ענין ווארים פערנומען און פיעל אויפגעטוהן אויפ'ן געביעט פון ערטיילען גוטע ספּייזע פאר די ארימע קראנקע.

מיט איין ווארט. אין יענע יאהרען איז דאס יודישע שפיטאל געווען הונ-דערפּראצענט יודיש. די קראנקע, וואס זענען דארט געלעגען זענען געווען בלויז יודען און אויך דער בעל-הבית און דער דעה-זאגער איבער'ן שפיטאל איז געווען די יודישע געזעלשאפט.

צייטען בייטען זיך אבער און אויך דער גורל פון יודישען שפיטאל איז איבערגעגאנגען אין א צווייטען רשות. אין תחלת האט מען עס גערעכענט פאר א טובה, על-ידי די יודישע קהלה און די יודישע בעפעלקערונג איז פטור געווארען פון א שווערען לאסט, ווי דאס איז יאך אויסהאלטען אויף אייגענע פלייצעס א שפיטאל. יודען האבען גע'טענה'ט, און מיט רעכט גע-טענה'ט, פיי-ווי צאהלען מיר בעזונדער א שטייער אויף שפיטאלניצטווא, היינט צו-וואס זאלען מיר בעזונדער זיין פערפליכטעט אויסצוהאלטען אויף אייגענע קאסטען א שפיטאל?

האט מען אונז טאקע געטוהן די טובה און אראבגענומען פון אונז דעם שווערען לאסט.

אין ראדאם האט זיך, ווי בעוויסט, מיט א געוויסער צייט צוריק געגרינ-דעט א שפיטאל-פערבאנד (זוויאנזעק שפיטאלניצטווא), אין וועלכען ס'איז צוזאמענגעגאסען געווארען אלע שטאד-טישע שפיטעלער אינאיינעם. אזוי דאס יודישע ווי די נישט-יודישע.

וואלט אפשר געווען גאנץ גלייך, ווארום פאר וואס דען נישט? אדרבא, מהיכא תיתי! זאל טאקע די שטאדט-קאסע אויסהאלטען דאס יודישע שפי-טאל. פארוואס זאלען מיר יודען צאה-לען צווייעפּליי שטייערען פאר שפיטאל-צוועקען, יודישע און נישט-יודישע? אין דער שטאדט-קאסע פליסען דען נישט אונזערע שטייערען?

ס'וואלט געווען זעהר יושר'דיג, זעהר דעמאקראטיש, זעהר ריכטיג, ווען נישט דאס איינע, וואס מיר יודען הערען-אויף ביסלעכווייז און אויטא-מאטיש, צו זיין די בעלי-בתים און די דעה זאגער איבער זעם דאזיגען אויסשליסליך יודישען בנין. ווארום אויב דאס יודישע שפיטאל געהער צום שפיטאל-פערבאנד און די שטאדט-קא-קאסע דעקט אלע אויסגאבען איז ער ממילא דער גאנצער לייטער און יודען האבען דא א גאנץ קנאפּע דעה.

אין דער לעצטער צייט פערנעמען דארט ערטער נישט-יודישע קראנקע אנשטאט דעם, וואס ביז דעמאלט זע-נען דארט געלעגען בלויז יודישע קראנקע. מיר האלטען גענצליך נישט געהאט דאגעגען, מיר זענען דאך עפּעס יודען בני רחמנים און מיר מאכען אבסאלוט נישט קיין אונטערשיד אין אזעלכע פאלען פון יודען ביז נישט-יודען, ס'איז אבער טשעקאווע צו וויסען, צי אין די פּוילישע שפיטעלער זענען פערהאן פּראפּארציאנעל אויך אזוי פיעל יודישע קראנקע.

יעצט איז כדאי צו בעריהרען נאך א ענין. אין שטאדט הערט מען אפט רעדען וועגען דעם. אז יודישע קראנ-קע בעגעגענען שוועריגקייטען ביים אנגענומען ווערען אין יודישען שפּי-טאל. דאס איז שוין א זאך פון א פיעל וויכטיגער בעדייטונג. מיר האבען נישט קאנטראלירט די ידיעות אויף וויפיעל זיי בעשטעטיגען זיך. ס'איז אבער א פאקט, אז וועגען דעם לאזט זיך אפט הערען. אויסער זעם קאן מען משער זיין, אז פריהער, ווען דאס יודישע שפיטאל האט אנגעהערט דירעקט צו

---

## טאג-בוך פון א ראדאמער זעלבסטמערדער

די פיהרער זענען אויך געווען לאנג און שמאל, ווי לייטער-וועגענס וואס זע-נען געווען ביז הויך ארויף אויסגעבעט מיט שטרוי. אבער דאס זענען נישט בלויז קיין שטרוי-פיהרען. מ'האט עס לייכט דערקענט. די רעדער האבען צ פיעל געקרעכצט און די פערד האבען אנגעשטרענגטער געריסען מיט די העלדזער אויף פאראויס. אויך דאס גאנצע בעוועגען זיך פון די פיהרען איז געווען א מעהר-מאסיוער און א שווער-ליכער. ווען דאס וואלט געווען בלויז שטרוי וואלט אנדערש געווען. אלץ האלט זיך געגליטשט אין א לייכטערען גרינגען טעמפ און אויך שנעלער פער-ביי אונזערע פענסטערלעך.

ביי אונז ארעסטאנטען איז דעריבער ארויסגעשפּרונגען א פערדאכט, אז דאס שטרוי איז נישט מעהר ווי א צו-דעק, א הילע אזעלכע אויף צו פער-דעקען עפּעס, און אז אין דער אמת'ען ליגט דארט אויף די פיהרען עפּעס אזעלכעס. וואס דארף אויסגעהיטען ווע-רען פון א ווייטיג אויג.

אין אנפאנג זענען מיר געשטאנען דרייסט און נאהענט ביי די קראטער-פענסטערלעך און נאכגעפאלגט מיט דעם גאנצער אנגעשטרענגטקייט דאס בילד פון די שטרוי-פיהרען, וואס האט זיך פינאנדערגעוויקעלט פאר אונזערע אויגען. ווייזט אויס, אז אין דרויסען האט מען דאס בעמערקט. עמיצער פון די צעהנדליגע טשעקיסטען, וואס האבען בעגלייט די פיהרען, האט פּלוצ-לונג געווארפען א בליק אהער צו אונ-זערע ארעסטאנטען און גלייך אויסגע-רופען צו זיי איבריגע:

—חבו'ים, פארזיכטיג, די חברה קיקען ארויס פון די לעכער, זיי שנמפען אונז נאך—

צווישען די טשעקיסטען איז געווא-רען א אויפרודערונג. אלע האבען אויפגעדרעהט צו אונז די קעפ און אנשטאט צו ענטפערען א ווארט אויף יענעמ'ס בעמערקונג האט איינער ארויסגעכאפּט א רעוואלווער און איינס-צוויי האט אויסגעהילעכט א שאס אין אויגענבליק איז אריין א פייער-קויל אין איינעם פון אונזערע קאלער-פענס-טערלעך און איידער מ'האט זיך רעכט בעוויזען אוכצוקוקען האט שוין איינער פון די ארעסטאנטען געקרעכצט אג'-אויסגעצויגענער אויף דער ערד און זיך געבעטען רעטונג.

פערשטעהט זיך, אז מיר זענען פון די פענסטער ווי די האזען אנטלאפען און צו צו יענעם וואס האט געכאפּט די קויל. צום גליק האט די קויל גע-טראפען אין א האנד און ס'איז דעם ארעסטאנט נישט פאר געשפּאנען קיין געפאהר. פונדעסטוועגען האבען זיך פיעל פון אונז ארעסטירטע מיט דעם פערווירדעטען שטארק פעראינטערע-סירט, בעמיהענדיג זיך ווי ווייט מעג-ליך איהם צו לינדערען די יסורים. מ'האט צוגעלעגט וואסער, געמאכט א באנדאזש און דערווייל מודיע געווען די טורמע-קאנצעלאריע, אז מ'זאל ארויסרופען א דאקטאר.

נישט געקוקט פונדעסטוועגען אויף

דער יודישער געזעלשאפט — אין דאס אנגענומען יודישע קראנקע אין שפיטאל צוגעגאנגען אויף א לייכטערען אופן.

די לעצטע צוויי פאקטען רעדען גאנץ גענוג קלאר פאר זיך, אז די יודישע בעפעלקערונג אין ראדאם דארף אונטער-נעמען שריט, אז דאס יודישע שפיטאל זאל אונבעדינגט איבערגעהן אין רשות פון יודישע הענד, מיר מיינען דערמיט אין דעם זין, אז צאהלען און אויסהאלטען זאל ווייטער די קאמונאלע שטאדט-קאסע, אבער א דעת זאל האבען צוזאגען די יודישע געזעלשאפט.

וועגען אנווענדען דעם בעקאנטען „ארגומענט", „אז מ'גיעט נישט קיין מעות איז מען נישט קיין בעל-הבית" — געשיקט זיך דא נישט אין דעם געגעבענעם פאל, מחמת מיר גיבען יא מעות. מיר צאהלען פערשידענע „פראצענטע", זעלבסטפערשטענדליך אויך פאר שפיטאל-ענינים. חוץ דעם זענען די מויערען און די גאנצע איינריכטונג אין יודישען שפיטאל אויפגעשטעלט געווארען פאר יודיש געלד. דער בנין, דער פלאץ ארום איז א יודישער, דארפען די בעלי-בתים אויך זיין יודישע.

יעצט נאך א זאך און גראד דאס וויכטיגסטע:

יאהרען-לאנג רופט מען איבעראל דאס יודישע שפיטאל „שפיטאל פאראוקאנניך". חוץ דעם ווייסט קינד און קייט, אזוי די יודישע און קריסטליכע בעפעלקערונג, אז דער גרינדער און בויער פון יודישען שפיטאל איז געווען ר' ראובן בעקערמאן ז"ל. דאס אלץ איז זעהר פיין און גוט, אבער ווי אזוי קלינגט פארט דער טעקסט פון אייגענטום-רעכט פון דאזיגען גראנדיעזען יודישען בנין? ווער ווערט דארט אנגעגעבען אלס אייגענטימער, די יודישע קהלה, אדער ער ר' ראובן בעקערמאן ז"ל?

די יודישע בעפעלקערונג אין ראדאם ברויך אינבעדינגט בעצייטענס א ערנסטען טראכט געבען וועגען אט דעם וויכטיגען פרט. אויב מ'וועט זיך מאכען ניט וויסענדיג און אויסווייזען א קאלטע בעציהונג וועט קומען א צייט, ווען דער גענומען יודישער שפיטאל וועט בלויז דיענען אלס א זכר פון דער פערגאנגענהייט...

מיר האלטען פאר א נויטווענדיגע זאך, אז ס'זאל וואס שנעלער געשאפען ווערען א ספעציעלער שפיטאל-קאמיטעט אין וועלכען ס'אלען זיין פערטרעטען אלע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג, און דער דאזיגער קאמיטעט זאל זיך אינטענסיוו נעמען צו ערלעדיגען פערשידענע נויטיגע ענינים.

שפיטאל - פערבאנד קאן זיך זיין שפיטאל-פערבאנד. זאל אבער דער יודישער שפיטאל, וואס יעדער שטיין און יעדער שפאן ערד זיינער איז יודישעס נישט פערפרעמדט ווערען. מיר האבען אלע רעכט, אזוי יורידישע און מאראלישע, אז חוץ דעם שפיטאל-פערבאנד, זאל דייטליך און וואגיג נעהערט ווערען די יודישע סטים, נישט בלויז די שטים, נאר די הויפט-דעה זאל האבען די יודישע געזעלשאפט.

מיר האבען דערצו אלע רעכט.

**ב. צוויג.**

# דער חתן וויל נישט געהן אונטער דער חופה ביז ער וועט נישט האבען קיין ווייסע זאקען מיט שווארצע לאטשען.

## ראדאמער גבירים, „וואס האבען נישט" קיין העמד אויפ'ן לייב — רבקה ניע-דורצאק און דאס ברייטע הארץ פון א פראסט-פשוט'ען פריזירער.

אין ראדאם האט פאסירט די טעג א שעהנע געשיכטע.

ביי א געוויסע פרוי שרה פרידמאן אויף דער פיעקלא איז אויפגעהאדעוועט געווארען ווי איהר אייגען קינד א פרעמד יודיש מיידעל.

דאס פרעמדע קינד איז נישט אדאפטירט געווארען נאר איז אנגעקומען צו דער דאזיגער פרוי דורך א צופאל.

מיט העכער 20 יאהר צוריק האבען פרויען, הענדלערקעס, אומקעהרענדיג זיך אהיים פון פשיטיקער יריד געפינען אויפ'ן וועג א פערבלאנדזשעט יונג יודיש מיידעלע. זיי האבען עס מיטגענומען מיט זיך קיין ראדאם און נישט קענענדיג אויפגעפונען דעם מיידעלעס עלטערען, האט די דערמאנטע פרוי דאס קינד צוגענומען צו זיך.

זענען אזוי אוועק יאהרען-לאנג און ווען דאס מיידעל איז אויסגעוואקסען און עלטער געווארען, האט זי גענומען איינ'טענה'ען מיט איהר ערציהערין, אז ס'איז שוין צייט מיט איהר א שידוך צו טוהן אין, אז זי וויל שוין פיהרען א זעלבסטשטענדיג לעבען.

פרוי פרידמאן האט אייגעפונען איהרע טענות פאר גערעכטע און געלאזט פאר איהר „וויכאוואנקע" רעדען שידוכים. גאט האט געהאלפען און ס'איז אונטערגעקומען איהר ריכטיגער זיווג. צווישען אנדערע חתנים האט זיך ענדליך געמאלדען א געוויסער יונגערמאן משה מאיר, א קרוב פון דעם מיידעל און ער האט מסכים געווען צוטוהן דעם שידוך. דאס פארל האט זיך געגענזייטיג געפעלען און מ'האט למזל געבראכען טעלערס.

פרוי פרידמאן האט צוגעזאגט א דירה, א יאהר קעסט און אויך אויס-

---

דער גענוג-אנגעצויגענער שטימונג אין אינזער צעלע, זענען דאך צווישען אונז געווען נייגעריגע, און איך בין זיך מודה, אז איינער פון אט די, בין טאקע געווען איך אליין אויך, וואס האבען דורכאויס געוואלט ווייטער א קוק כאפען אין דרויסען ארויס אום צו דערגעהן, וואס מען פיהרט פארט אזעלכעס דארט אויף די טקריפעדיגע פוהרען.

מיר זענען שוין דאס מאהל זיך בעגאנגען מעהר פארזיכטיגער. מיר זענען שוין מעהר נישט געווען אזוי דרייסט ווי פריהער. מיר האבען זיך צוגעשארט אויף די שפיץ-פינגער צו די פענסטער-לעכער און פון א זייט נעווארפען א בליק ארויס און תיכף צוריקגעכאפט דעם קאפ אויף הינטען. מיר האבען עס לייטיש געמאכט. כאטש אונטער די פענסטער אין דרויסען זענען געשטאנען טשעקיסטען מיט די רעוואלווערען אין די הענד און כסדר אויסגעווארט דעם מאמענט, אז עמיצער פון אינז ארעסטאנטען זאל 'ענטוואגען ארויסשטעקען דעם קאפ און דאן איהם מכבד זיין מיט א קיילעכעל — טראץ דער דאזיגער שמירה איז דאך אונז געלונגען צו כאפען אלע וויילע א קוק מיר האבען זיך וואס אנ'אמת געשפיעלט מיט'ן לעבען. אבער פערפאלען. די נייגעריקייט אין אונז האט געברענט. וואס פיהרען זיי דארט פארט? אפשר פיהרט מען דאס ארויס אונזערע נעכטיגע הברים, וואס זענען מיט אונז דא געזעסען צוזאמען און מ'האט זיי טון דאנען ארויסגעפיהרט צום משפט, צו דער „סטיענקא" און יעצט שלעפט מען זיי ערגיץ אהעק, אז מ'זאל נישט וויסען וואו זייער געביין איז? ווער קאן עס וויסען. אויב יא, זאלען מיר טאקע זעהן ווי אונזער גורל וועט אויסזעהן.

געטריבען פון אזעלכע געדאנקען האבען מיר געקעמפפט מיט'ן מלאך המות און בגנבה אויסגעקוקט און מיר האבען געזעהן ווי עס ציהען כסדר פערביי די זעלבע פוהרען בעדעקט מיט שטרוי, און פון דנא פון אונטער'ן שטרוי אפויער קאפיעט בלוט. מעהר האבען מיר נישט געזעהן, אבער דאס איז שוין גענוג געווען מיר. זאלען אינגאנצען איבערשוידערען. אין אונזער צעלע האט אויסגעבראכען א געכליפעריי, א געוויינעריי, ווי שאף צערעווען זיך פאר א געוויטער. איינער איז געפאלען דעם צווייטען איפ'ן האלז, זיך צעקושט און מיט טרערען זיך געזעגענט. קוקענדיג אויף די דורכמארשירענדע פוהרען האבען מיר זיך אליין געזעהן ליגען דארט און דאס קאפיעדיגע בלוט האלט געהן אונזערס...

מ'וועט מיר אפשר נישט גלויבען ווען איך וועל זאגען, אז דאס אלץ האט מיך שוין נישט געארט. מיר איז שוין אלץ איינס געווען, לעבען, טוידט, שטארבען, וואס איז מיר די נפקא-מינה, איז דען מיין לעבען נישט ערגער ווי געשטארבען? איך האב שוין געהאפט אויפ'ן מאמענט מ'זאל מיך נעמען צו דער אויספארשונג און זאל עס א סוף נעמען צו דער גאנצער טראגי-קאמעדיע, וואס הייסט לעבען.

איך האב דאס אויסגעבעטען. ס'האט שוין לאנג נישט געדויערט און מ'האט מיך געפיהרט צום משפט, די ריכטער זענען געווען דריי קאמיסארען. מ'האט אויפגעמישט מיין „דיעלא" און אונטער

געשטאַנען די „חיפראַחע" פאַר דער כלה.

אז ס'האָט אונטערגערוקט דער זמן חתונה, מ'האָט זיך שוין געגרייט אויף דער שמחה, האָט זיך דער חתן די לעצטע מינוט מישב געווען און א טאָג פאַר דער חופה מודיע געווען, אז ער שמעלט אַרויס „ווארונקעס" אַז אויב מ'וועט איהם נישט מאַכען א פאַר העמדער, און קויפען אַ נייעם טלית, א זיידענע קאַפאָטע מיט ווייסע זאָקען און שוואַרצע לאַטשען און אויך אַ פינגערעל מקדש צו זיין דער כלה—געהט ער נישט אונטער די פיער דרענגלעך.

ס'האָט אָנגעהויבען אונטערהאנדלען מיט'ן משה מאיר'ן ער זאָל עפּעס אראָבלאָזען פון די „ווארונקעס", געבענדיג צו פארשטיין, אז היינט איז א קריזיס בעזונדערס האָט דער אויסשטייער פאר דער כלה אָבגעקאָסט גענוג און דער עיקר, אז די מחותנים זענען ראָך נישט אייגענע טאטע-מאמע, אָבער די אַלע מאָטיווען האָט דער חתן נישט געוואָלט נעמען צו קענטעניש. משה מאיר האָט געגעבען צו פערשטעהן, אז אַלס חסידישער יונגערמאַן און נאָך דערצו א בן-תורה קען ער נישט בעשטעהן, חייל דאָס זענען סקראָפּנע „ווימאגאַניעס". אָהן וועלכע אַ פרומער יוד ווי ער קאַן זיך נישט בעגעהן און ער מוז דאָס אַלץ האָבען רק ביי דער חופה.

געזעהן, אז ס'איז נישט צו מאַכען האָבען זיך געפינען עטליבע בארעמהערציגע פרויען, וואָס האָבען זיך ארויסגעלאָזט איבער'ן שטאָדט צינורים-זאמלן די געהעריגע סומע כדי די חופה זאָל, חלילה, נישט געשטערט ווערען.

ווי דער שכייגער האָבען די נשים צדקניות אָבגעשטאָט זייערע ערשטע חיזיטען ביי אָנגעזעהענע ראַדאָמער גבירים, גראד האָבען זיי געמאַכט דעם „פיעטשאָנטעק" ביי א ראַדאָמער גביר, א מעהל-סוחר, א בעוויסער ה. וועמען זיי האָבען ערקלערט דעם צוועק פון זייער אַקציע. דער דאָזיגער גביר, אָנשטאָט מיט עפּעס בייהילפיג צו זיין, האָט זיך „נעבעך" מתנצל געווען, אז ער האָט אַליין נישט קיין העמד אויפ'ן לייב, די צייטען זענען שלעכט און ער קען גאָרנישט געבען. ווען די פרויען האָבען אָפּעלירט צו זיין רחמנות-דיג הארץ, געגעבען צו פערשטעהן ווי גרויס זיין מצוה וועט זיין, איז ער ענדליך „גערירט" געוואָרען, אוועקגענומען די האַנד פון הארץ און ארויסגעצויגען א גאַנצען פינפפער גראָשען און געהייסען זיך געבען זיך געבען 4 גראָשען א רעשט.

די פרויען, ווייסענדיג גוט, או מיט'ן דאָזיגען שענעם יוד איז נאָך נישט אַזוי שלעכט און ס'איז נישט אויף איהם אזא ביטער רחמנות, זענען זיי פשוט איבערראַשט געוואָרען פון אזא „גראָשען"-גאַב און פון גרויס בעליידיגונג האָבען זיי ארויסגענומען פון אייגענער טאַש 45 גראָשען, דערלעגט צו די 5 גר. און דערלאַנגט דעם ראָניגען „אָריםען" גביר גאַנצע 50 גר. אַלס א קאָנטע אויף צושטייער פאַר'ן זיינע קינדער'ס חתונה.

פון דאָרט זענען די פרויען אַוועק צו א צווייטען ראַדאָמער גביר און נאָכ'ן אָהערקלעגען א גאַנצען מזגהי-לשון ווי גרויס זיין מצוה וועט זיין, האָט יענער געהייסען קומען די פרויען אַניסעל שפעטער, וועט ער זיי ערשט דאַן געבען א פאָר גראָשן. דערביי האָט זיך אריינגעמישט זיין אשת חיל און זיך בעוואָשען צו די פרויען, אויסשרייענדיג בקול רם: יאָך הייס רבקה ניע-דוראַק און יאָך גיב נישט קיין גראָשען אויף אזעלכענע זאַכען. —

מיט פערביטערטע הערצער זענען די פרויען אַוועק און בעשלאָסען צו רעזיגנירען פון דער אַקציע. געהענדיג אָבער אזוי אויפ'ן וועג מיט טרויריגע פנים'ער און רעדענדיג צווישען זיך, וואָס וועט דאָ פאָרט זיין; די חופה איז דאָך פשוט איינגעשטעלט — האָט זיי גראַד בעגעגענט א געוויסער סאָנקעוויטש, א פריזירער, וועמען מען רופט דער גע ער שערער, און אויסהערענדיג אַזוי, ווי די צוויי פרויען בעקלאָגען זיך אויף די ראַדאָמער גבירים, האָט ער זיי אָבגעשטעלט און נאָכגעפרעגט, וואָס זיי זענען אזוי פערזאָרגט און פעראומערט.

ווען די פרויען האָבען דעם דאָזיגען יודען ערקלערט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך האָט ער מיט קוראַזש אויסגערופען:

— זאָרגט אייך נישט, יאָך שטעה אַלץ אויס, יאָך קויף א נייעם טלית.

דער בעשולדיגונג, וואָס איך האָב געשטערט די רעקוויזיציע פון גאָלד און זילבער ביי די בורזשויען און אָנגערופען די קאָמוניסטישע אָרדנונג אַלס באַנדיטיזם — אַלזאָ דערפאַר קומט מיר טוידט-שטראָף. איין קאָמיסאַר האָט זיך אפילו איינגעשטעלט און פערלאַנגט אויסצוטוישען דעם טויט-אורטייל אויף אייביגע תפיסה מיט'ן מאָטיוו, וואָס מיין איידעם איז אויך א קאָמיסאַר און די יונגסטע טאָכטער מיינע דיענט אַלס אַנגעשטעלטע אין „טשעקאַ". — אָבער זיין פערטיידיגונג האָט נישט געהאָלפען. די ערשטע צוויי האָבען זיך גישט געוואָלט בשום אופן אונטערגעבען און קאַטעגאָריש ערקלערט, אז אין רעוואָלוציאָנערען רוסלאַנד איז נישטאָ קיין פריווילעגיעס פאר פערברעכער, וואָס ווילען אומבריינגען די מיט אַזוי פיעל בלוט און קרבנות איינגעקעמפטע נייע אָרדנונג. איין טוידט פאַר אַלע פערגיגדיגע. מ'טאָר נישט חייוצן דאָס לאַנד, אז מ'האָט א צד אין דער שטעל טעג פון שהן אַלץ.

ס'איז געבליבען אַלזאָ ווי די ערשטע צוויי קאָמיסאַרען: טויט-שטראָף. און איך האָב נאָר געברויכט וואַרטען ביז דער אורטייל וועט געזינגעלט ווערען מיט דער רוישער חתימה, אז מיין אורטייל זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ אָפיציעלען אַקט. אָבער וואַרטענדיג אזוי א פאַר מינוט, האָט זיך די טהיר פון רויטען שטאָב געעפענט און ס'האָט זיך בעוויזען מיין יונגסטע טאָכטער ליזא. איך האָב זי קוים דערקענט. זי איז געווען אינגאַנצען איבערגעטוהן ווי א ספּאָרטסמאַן, — אַ מאַנספערזאָהן אין א לעדערנע קורטקע, מיט שטולפען, אין הויזען מיט א וועליסאָפּעד-היטעל פערוואָרפען איבער איהרע געדיכטע האָר. איך וואָלט זי אפשר נישט געוואָלט דערקענט. ווען זי רופט נישט אויס מיט א העלדישען טאָהן:

— חברים, דעם אורטייל איבער מיין פאָטער אין א גערעכטער. איך אַליין וויל אויספיהרען די עקזעקוציע. זאָל לעבען די רעוואָלוציע —

די ריכטער זענען ערשטשטוינט געוואָרען און אין מיר איז שיער נישט געזעצט געוואָרען דאָס בלוט. איך האָב ערשט דערקענט, אז דאָס איז מיין אייגענע טאָכטער און אז א אייגען קינד זאָל זאָל זיך פרייוויליג מעלדען צו ערמאָרדען איהר טאַטען - דאָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרען אויף דער וועלט. צו הערען די דאָזיגע ווערטער פון מיין טאָכטער האָט מיר פיעל מעהר וועה געטוהן ווי דאָס אויסלייענען דעם טוידט-אורטייל.

ווייזט אויס, אז דער גרויסמוטיגער פאָרשלאָג פון מיין טאָכטער איז די ריכטער געפעלען און זיי האָבען איהר צוליב געטוהן און מיך האָט מען ביז פאָרטאָג אָבגעפיהרט אין א אַנדערע פינסטערע צעלע, דאָרט וואו ס'וואַרטען טויט-פער'משפט'ע.

און איך האָב געוואַרט אויף מיין פאָטער די תליונ'טע.

(פאָרזעצונג קומט).



עטליכע העמדער, א זיידענע קאפאטע, מייסע זאקען מיט שווארצע לאטקעס, א פינגערל, און ווייסט עך וואס נאך? — יאך מאך די חתונה אויך. יאך מאך א סעודה מיט כלי זמרים ווי גאט האט געבאטען און יאך קויף די מצות פון משמה זיין עריסע חתן-כלה. יאך בין נישט אזא גרויסער גביר, אבער א געלן אויף מצות בין יאך יא. געהט פרויען און זייט מודיע דעם חתן, אז אלץ איז אלרייט. תיכף ומיד וועט אלץ זיין אין בעסטען אופן בנזארגט. —

דער יונ' פאנקעתיטש איז א יוד, קאטארי, האט געזאגט איז געטוהן. ס'איז נישט אויסגעגאנגען קיין שעה אין אלץ האט זיך שוין געפונען ביים חתן. ה' פאנקעתיטש האט מקיים געווען אלץ וואס ער האט געזאגט. אויסער וואס ער האט בעקליידעט דעם חתן, האט ער געפראוועט א חתונה ווי עס געהער צו זיין און איז געווען פון די חויפט-מהותנים אין כמעט דער גאנצער בעל-שמחה.

# פון „מזרחי" און „צעירי מזרחי" אין ראדאם.

פרייטאג צונאכט'ס פי ויגש (26|12) 6 א זייגער אוונט פינקטליך וועט ה' ב"ן, מיטגליד פון צ.ק. פון „מזרחי" אין פוילען, אבגעבען א בעריכט פון דער לעצטער סעסיע פון צא סיי-ראט אין וועלכער ער האט אנטייל גענומען. אלע חברים ווערען געבעטען צו קומען.

• • •

עס ווערט בעקאנט געמאכט, אז יע-דעם פרייטאג צונאכט'ס 7 א זייגער א-וועגד קומען פאר אין אייגענעם לאקאל (רינעק 11) שעורים פון תנ"ך און ת"-מוד דורך אנגעזעהנע פרעלעגענטען. איינגאנג פריי.

# גראנדיעזער קבלת-פנים לכבוד זשאבאטינסקי.

ווי אין אלע שטעדט, איז אויך אין ראדאם אויסגענומען געווארען מיט גרויס כבוד דער פיהרער פון די ציוניסטען-רעוויזיאניסטען וולאדומיר זשא-באטינסקי.

אין טאג פון זיין אנקומען קיין ראדאם, מאנטאג א זייגער 1 איז ארום דעם באהן-הויף געווען פערזאמעלט טויזענדער מענשען. ס'איז אויך בעקומען דער אויפנאהמס-קאמיטעט און פארשידענע דעלעגאציעס פון דער פראווינץ. א בעזונדערען אנטייל אין ט קבלת פנים האבען גענומען די יונגע רעוויזיאניסטען און אלע מיטגלידער פון ברית-טרומפלדאר. אלע אין בוינע אוניפארמען מיט'ן יודישען ארקעסטער בראש.

ווען דער צוג איז אנגעקומען האבען זשאבאטינסקי בעגריסט: ה' מעזין, אין נאמען פון אויפנאהמס-קאמיטעט אין ה' ראזענפעלד אין נאמען פון די רעוויזיאניסטען. עס האבען זיך געהערט פיל אויסגעשרייען: „יחי זשאבאטינסקי"! און נאכ'ן פערברענגען א קליינע צייט אויפ'ן פעראן איז דער חשוב'ער גאסט באלד אבגעפאהרען אין שטאדט אריין. דער ריזיגער עולם האט נאך געווארט אויפ'ן גאס ביז דער ארקעסטער מיט די טרומפעלדאר'סטיקעס האבען צוריק מארשירט פון דער באהן סטאציע. דער

# יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון „מזרחי" אין ראדאם.

## קאמוניקאט.

שבת-צו-נאכט (13|12) איז אין איי-גענעם לאקאל פארגעקומען די אלגע-מיינע פערזאמלונג פון „מזרחי", וועלכע האט צוגעצויגען א גרעסערע צאהל מיטגלידער.

אין דער פערזאמלונג נעמט אויך אנטייל דער חשוב'ער גאסט, מיטגליד פון צ. ק. פון „מזרחי" אין פוילען, ה' ברוך ניימאן (ב"ן).

א קורצע ערעפענונגס-רעדע האלט ה' הרב ישעיה זלאטניק און נאכ'ן בטעה-רען מיט אויפשטעהן דעם אנדענקען פון פערשטארבענעם פערדינסטפוללען פערוואלטונגס מיטגליד ר' נחים דוד ליקסענבורג ז"ל, ווערט איינגעלאדען אלס פארזיצער ה. ראטמ. אליעזר פינ-קעלשטיין און אלס ביי-זיצענדע די ה"ה יוסף קארמאן און דוד גאלדפארב. סעקרעטאר — ה' ישראל גרינק.

נאכ'ן בעריכט וועגען דער טעטיג-קייט אויפ'ן געביעט פון: ארגאניזאציע, קולטור-ארבייט, „יבנה", קק"ל, קרן-היסוד, קהלה און שטאדט-ראט, ענטוויקעלט זיך א לענגערע דיסקוסיע, אין וועלכער עס נעמען אנטייל די חברים: הרב ישעיה זלאטניק, ב"ן, יונה זילבערבערג, איתמר גורפינקעל, אליעזר פינקעלשטיין, ישראל גרינק, שמריה בערמאן א. א.

דערהויפט האט דער פונקט פון דער טאג-ארדנונג וועגען דער קהלה-טעטיג-קייט ארויסגערופען א לייבענשאפטלי-כע דעבאטע. ה' ב"ן קריטיקירט שארף די אנטי-ציוניסטישע מעשים פון דער פריגער קהלה, וועלכע פלעגט פער-ברענגען גאנצע זיצונגען מיט דיסקו-סיעס וועגען אויפהענגען דאס הערצל-בילד אין קהלה-לאקאל, דאס ארויס-ווארפען די קק"ל-פושקע פון דער גמינע, דאס נישט אויסצאהלען די שווער אויסגעקעמפטע סובסידיעס פאר'ן קק"ל און קרן-היסוד און דער עיקר: דאס נישט דערלאזען א „מזרחי"-פאר-שטעהער אין ראבינאט א. ז. וו. דאס אלץ צוזאמען האט דערפיהרט דערצו, אז דער „מזרחי" זאל איבערגעהטן אין אפאזיציע צו דער אמאליגער „ציו-ניסטישער" קהלה.

נאכ'ן רעפעראט וועגען דער פאר-שטעהענדער ארבייט און וועגען דער גרינדונג פון א „יבנה"-שולע אין רא-דאם איז מען צוגעטרעטען צו די וואה-לען פון א קאמיטעט (פון 12 חברים), וועלכע האבען געגעבען דעם פאלגענ-דען רעזולטאט: הרב ישעיה זלאטניק, איתמר גורפינקעל, יעקיל קליינמאן, דוד סאתא, ראטמ. אליעזר פינקעל-שטיין, יודיל גאפטינסקי, יונה זילבער-בערג, אברהם מענטליק, טוביה קלעבפ-נער, דוד גאלדבערג. פון די צעירים: חיים האכמאן און ישראל גרינק.

אין קאנטראל-געריכט זענען געוועהלט געווארען די חברים: זעליג גאלדפארב, יוסף קארמאן און שמריה בערמאן.

צומארגענס זונטאג איז פארגעקומען די ערשטע זיצונג פון נייגעוועהלטען קאמיטעט, וועלכער האט זיך קאנסטיטו-אירט אויף פאלגענדען אופן: פרעזיס — הרב ישעיה זלאטניק. ווצע פרע-זעסען — איתמר גורפינקעל און יונה זילבערבערג. סעקרעטאר — ישראל גרינק. לייטער פון דער קולטור-ארבייט — יעקיל קליינמאן.

דער קאמיטעט בעשליסט אויך אלס אנערקענונג פאר די אמאליגע אפפער-וויליגע און פערדינסט-פולע לייסטונגען לטובת דעם „מזרחי" פון ה ברוך ניימאן (ב"ן) איהם אויסצוזוועהלען אלס עהרען-פרעזעס פון „מזרחי" און „צעירי-מזרחי" אין ראדאם.

חדשי.

גראנדיעזער צוג אונטער דער מוזיק־בעגלייטונג פון ארקעסטער האט ארויס־גערופן א שטארקע אויפמערקזאמקייט איבער די גאסן און צוגיפגעזאמעלט מאסן מענשן.

אין אוועגד איז אין גרויסן קינא־זאהל „קארסא" פארגעקומען זיין רע־פעראט א. ד. ט. „אין וואס באשטעהט אונזער חטא". נישט קוקענדיג אויפ'ן פערהעלטניסמעסיג־טייערן פריין פון די בילעטען איז דאך דער זאהל גע־ווען איבערפולט ביז'ן ברעג. דאס פרע־זידיום איז באשטאנען פון פארשטע־הער פון די באזונדערע ציוניסטישע גרופירונגען און פון פערשידענע אר־טיגע ארגאניזאציעס. די ביהנע איז געווען דעקארירט מיט הערצעל'ס בילד און רעוויזיאניסטישע פעהנער. נאכ'ן אויסשפיעלען דעם פוילישען הימן און „התקוה" פון ארקעסטער האט ה' יחיאל פרענקעל בעגריסט דעם גאסט אין נאמען פון אלע בעטייליגטע ציוי־ניסטישע און געזעלשאפטליכע ארגא־ניזאציעס. דער פערזאמעלטער עולם האט געמאכט דעם גאסט שטורמישע אוואציעס און דערנאך האט זשאבא־טינסקי אנגעהויבען זיין רעפעראט, וואס האט געדויערט קנאפע צוויי שעה און איז מיט א שפאנענדע טעראינטע־רעסירונג אויסגעהערט געווארען דורך די פערזאמעלטע, ארויסרופענדיג און חערענדיג צום שלוס אויך בעשאנקען מיט רוישענדע אפלאדיסמענטען

נאכ'ן רעפעראט האט זשאבאטינסקי בעזוכט דעם לאקאל פון „ברית־טרום־פלדור" וואו מ'האט איהם בעהערט מיט אריינקלאפען א גאלדענעם נאגעל אין זייער נייעם פאהן, וואס איז ערשט נישט לאנג ענטהילט געווארען.

# ראדאמער סוחרים־פעראיין וועגט העכערן דאס דירה־געלד.

אין צוזאמענהאנג מיט דעם פראַ־יעקט וועגען העכערן דאס דירה־געלד ביז 72 פראצ. ארדענט דער סוחרים־פעראיין אין אייגענעם לאקאל (לובלינער 18) זונטאג דעם 28 7 אוועגד א גרעסערע בעראטונג'ס־פער־זאמלונג פון אלע מיטגלידער מיט'ן צוועק אנצונעמען א שטעלונג צום רע־זיגען נייעם פראיעקט.

דער סוחרים־פעראיין מאכט אויפ־מערקזאם, אז די אנוועזענהייט פון די מיטגלידער איז נויטוועגדיג צוליב'ן אזוי וויכטיגען דעצידירענדען מאמענט.

# דער לעצטער טערמין פון אויסקויפען פאטענטע.

דער ראדאמער שטייער־אמט בעט אונז מודיע צו זיין, אז דער טערמין פון אויסקויפען פאטענטען אויפ'ן נייעם יאהר 1931 איז ביז'ן 31־טען גרודזיען. דער טערמין וועט נישט פערלענגערט ווערען אין די אילוסטראציע צו קאנ־טראלירען די נייע אויסגעקויפטע פא־טענטען וועט זיך אנהויבען דעם 2־טען סטיצניען 1931.

# ר' אליעזר פרענקעל ז"ל

אין ראדאם איז היינטיגע וואך גע־שטארבען איינער פון די נכבדי־העיר ר' אליעזר פרענקעל.

דער פערשטארבענער האט א רייהע יאהרען גענומען אנ'אקטיווען אנטייל אין דער טהעטיגקייט פון דער חילפ'ס־געזעלשאפט „עזרה" און בכלל זיך גערע־כענט צו די מעהר אנגעזעהענע מענשען פון שטאדט. ער איז געווען א שעהנער בן־תורה און אויך ווי ווייט ער איז געווען בכח יו ען טובות צו טוהן איז ער שטענדיג געווען גרייט צו טוהן מיט'ן גאנצען הארצען.

אין דער לויה האט זיך בעטייליגט א גרויסער עולם און ביים דורכפאהרען פאר דער „עזרה" האט זיך די עגלה אבגעשטעלט און ס'האט איהם מספיד געווען ה' יצחק גרין.

ת נ צ ב ה

# סילוועסטער־אוועגד.

דער יודישער אקאדעמישער קרייז אין ראדאם ארדענט איין צו ניי־יאהר אין די זאהלען פון גימנאזיום „פשיאַ־שול חיעדזי" א סילוועסטער־אוועגד. לויט די הכנות איז פאראויסצוזעהען, אז דער אוועגד וועט זיין אינטערע־סאנט.

# נוצט אויס די געלעגענהייט!

אין ראדאם הײלט הײנט די בע־ריהמטע ספעציאליסטין ד"ר. ראפא־פארט, וועלכע בעהייזט פשוט וואונדער און איהר הײל־מעטאדע פאר ברוך־ליידענדע, און פערשידענע אנדערע קערפער־פערקריפלונגען, ווי הויקערס, פיס־רעפעקטען, פעט־לייביגקייט א. ד. גל.

פרוי ראפאפארט איז אין איהר פאך א קינסטלערין און די פאציענטען, וואס היילען זיך ביי איהר, האבען פשוט נישט קיין ווערטער פון לויב און דאנק־באַרקייט.

פרוי ראפאפארט געדענקט אויך אין די אונפאריסעגליכע קראנקע, מאכענדיג פאר זיי די גרעסטע הנחות. אין פיצל שטעדט, וואו זי האט בעוויילט האט זי זיך ערווארבען א שם טוב אזוי אויפ'ן געביעט פון איהר ספעציאליטעט ווי אויך פאר איהר פיינעם, איידעלן כא־ראקטער וואס זי האט ארויסגעוויזען פאר דער ארימער בעפעלקערונג.

אין טשענסטאכאָוו האט זי בעלאזט שרייבען א ספר־תורה און אין אנדע־רע שטעדט האט זי געשאנקען פער־שידענע ספרים אין די בתי־מדרשים.

זייענדיג אין ראדאם א קורצע צייט האט זי זיך אויך ערווארבען א גוטען נאמען. די היגע פאציענטען זענען מכש ענטציקט פון איהר פאך־קונסט און זענען העכסט צופרידען, וואס זיי האַ־בען אויסגענוצט די זעלטענע געלע־גענהייט.

פרוי ראפאפארט וואהנט אין האטעל איראפעיסקי צימער 17. 808-06



# קעלצער אבטיילונג.

## דער קריזיס פון אונזער יודישער געזעלשאפטליכקייט.

אונזערע געזעלשאפטליכע, קולטורעלע און סאציאלע דערגרייכונגען ווייזען ארויס אין דער לעצטער צייט גאר א שוואכע ענטוויקלונג, און ס'ווערט אלץ מעהר בולט, אז אונזער געזעלשאפטליכע ארבייט ליידט שטארק פון אינערליכע און אויסערגעוועהנליכע שטערונגען.

די ענטוויקלונג פון יעדער געזעלשאפטליכער אינסטיטוציע איז אבהענגיג: ערשטענס, פון א ווי ווייט מעגליך גרעסערער פעטייליגונג מצד די פארשטעהער פון אלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, צווייטענס, פון א שטארק ענטוויקעלטען געפיהל פון אחריות און געוויסענהאפטיקייט און אויפריכטיגען ווילען צו ברענגען נוצען דעם כלל און דער אינסטיטוציע מצד די בעוונדערע עסקנים; און דריטענס פון גינסטיגע אויסערליכע בעדינגונגען, וואס זאלען שאפען דעם געהעריגען באדען פאר'ן וואוקס און ענטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע.

אלזא, דער ערשטער מאמענט: אויפ'ן ערשטען אויגענבליק זעהט עס אויס, אז אין דער הינזיכט איז יעדע אינסטיטוציע אין ארדנונג, ווי באלד נאר זי היט אפ די פארשריפטען פון איהר סטאטוט, צונויפרופענדיג צו דער געהעריגער צייט אלגעמיינע פערזאמלונגען פון די מיטגלידער צום אויסוועהלען די אנפירענדע ארגאנען.

פאקטיש איז אבער די לאגע ווייט נישט קיין פויגעלדיגע — די פראקטיק פון די לעצטע יאהרען בעווייזט אונז בולט, די רייהען פון די פראקטישע געזעלשאפטליכע עסקנים ווערען וואס ווייטער אלץ שיטערער און דער גאנצער יאך בלייבט אויף די פלייצעס פון יחידים; די אלגעמיינע פערזאמלונגען, וואס קומען געוועהנליך פאר איינמאהל אין יאהר, רופען נאך אפשר ארויס א געוויסען אינטערעס, הגם וואס ווייטער ווערען זיי אויך אלץ שוואכער בעזוכט און אפט מוזען זיי ווערען צו עטליכע מאהל אבגעלייגט, חייל די מיטגלידער פוילען זיך צו קומען; א גאנץ יאהר ווידער איז די גאנצע אנפירונג און פעראנטווארטליכקייט בלייבט ביי צוויי דריי מענשען.

אזא צושטאנד דראהט, נאטירליך, מיט א געפאהר פון פולשטענדיגען אונטערגאנג פון אונזערע אינסטיטוציעס וועלכע זענען געבויט אין אויסגעראלטען געווארען מיט אזוי פיעל אנשטרענגונג, מחמת די עטליכע בעסערע מענשען, וואס שלעפען נאך דעם יאך וועלען סוף־כל־סוף, נישט געפינענדיג קיין געהעריגע מאטעריעלע און מאראלישע אונטערשטיצונג מצד דער געזעלשאפט דאך מוזען זיך איינברעכען אונטער דער צו שווערער לאסט; רעדענדיג וועגען די געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, האבען מיר אין זינען אזוינע, וואס שטעלען זיך קולטורעלסאציאלע ציהלען, ווי פערזארגונג פון יתומים, פערשפרייטונג פון היגיענע און בעשיצונג פון געזונד פון דער יודישער בעפעלקערונג, פערשפרייטונג פון מלאכה פאלקס־בילדונג א. א. וו.

ווי ס'איז שוין אויבען דערמאנט געווארען איז איינער פון די וויכטיגסטע בעדינגונגען פאר דער ענטוויקלונג פון א געזעלשאפטליכער אינסטיטוציע — די אינדיווידועלע כאראקטער שטריכען אין די עסקנים, און אויך אין דער הינזיכט איז ביי אונז נישט אלץ ארדנונג, ליידער ווערט אלץ זעלטענער דער טיפ פון די „עוסקים בצרכי צבור באמונה" דער טיפ פון אלטען, אויפריכטיגען כלל־טוער, וואס האט פערמאגט א טיף איינגעווארצעלטען געפיהל פון יושר און ליבע צו די ליידענדע און נויטבעדערפטיגע ברודער — אנשטאט דעם זעהען מיר אלץ אפטער שרייענדע דעמאגאגען וואס האבען קודם־כל אויפ'ן אויג דעם אייגענעם אינטערעס: פערשטעהט זיך, אז אזא „כלל־טוער" איז נישט מסוגל אויפריכטיג צו ארבייטען און זארגען פאר דער אינסטיטוציע וועמענס אינטערעסען עס שטעלט זיך אפט נישט אפ צו ברענגען אלס קרבן פאר דער אייגענער פוסטער אמביציע, געוויג נאך כביר און פערזענליכע נוצען.

ענדליך — די אויסערליכע בעדינגונגען: קודם כל דארף גענומען ווערען אין בעטראכט דער שווערער און אלץ־שטייגענדיגער עקאנאמישער קריזיס, וועלכער האט אין דער ערשטער רייע זיך אבגעריסען אויף אונזערע אינסטיטוציעס וועלכע זענען אנגעוויזען אויסשליסליך אויף דער הילף מצד דער ברייטער יודישער געזעלשאפט, מחמת הגם אונזערע אינסטיטוציעס ערטיילען אלגעמיין מלוכה'שע סובסידיעס, דאך איז די שטיצע וואס זיי בעקומען פון דער מלוכה כמעט גלייך צו נול.

און ווען מ'זאל נאך נעמען אין בעטראכט, אז וואס ווייטער ווערט אויך אלץ קלענער די הילף פון אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים, קאן מען זיך שוין פארשטעלען, ווי שווער און ביטער אונזערע אינסטיטוציעס קומט אויס צו קעמפפען פאר זייער עקזיסטענץ



## דאס ווייב קומט פון אמעריקא...
### (פון די היינטיגע פערלויפענישען)

א וואוילער בחור געווען. אווי אלגעמיינע פאלס האבען וועגען איזאק'ן געזאגט די קעלצער מיידלעך. תמיד עלעגאנט געקליידט, ציכטיג ראזירט, פערפומירט, עטליכע זלאטעס אין קעשענע און מ'זאט זיך לעבען איהם געקענט צוזאמען מיט א קינא, א טעאטער, א צוקערניע א. ד. גל.

איזאק האט „געטראפען" מיט'ן טאטען זיינעם וועלכער האט געפיהרט גרויסע געשעפטען, ווען די געשעפטען האבען אנגעהויבען גיין בארג־אראפ און איזאק האט נישט געהאט אויף זיינע בעדערפעניסען, האט ער בעשלאסען: ער וועט גאר חתונה האבען.

מיט א קנאפ יאהר צוריק איז קיין קיעלץ געקומען צופאהרען אנ„אמעריקאנערין", וואס האט מיט א רייהע יאהרען צוריק אויסגעוואנדערט פון דאנען קיין אמעריקע. קיין איבעריגע יפת תואר איז זי נישט, דערפאר אבער האבען שדכנים געוואוסט „גענוי", אז זי פערמאגט טויזענדער דאלארען, פירט אין אמעריקע „וואושנע" געשעפטען און אז דעם מאן וועט ביי איהר נישט פעהלען פון קיין פויגעל־מילך. בלויז א חופה, א וויזע און היידא — אין דעם גאלדענעם לאנד אריין.

און איזאק האט מיט מזל געשריבען מיט איהר תנאים. איזאק האט בעקומען א גרויסען, דיקען רינג. באלד איז געפראוועט געווארען די חתונה און דאס יונגיטשקע ווייבעלע איז אבגעפאהרען קיין אמעריקע צוגרייטען די געשעפטען פאר איהר „באי" פון „יוראפ".

איזאק האט זיך גענומען גרייטען צו דער נסיעה. אלס מאן פון אנ'אמעריקאנער בירגערין, האט ער לייכט געדארפט בעקומען א וויזע. א שיפקארטע האט ער שוין געהאט גרייט, 300 דאלאר אויף קעשענע־געלד אויך און דאס גאנצע גליק האט דאך איהם דערווארט ערשט אין אמעריקע...

פלוצלינג האט דער אמעריקאנער קאנסול אין ווארשא בעשלאסען אפצושטעלען ארויסגעבען וויזעס פאר יונגע לייט, וואס האבען אין פוילען חתונה געהאט מיט אמעריקאנער מיידלעך און איזאק'ן האט מען דערוויייל געהייסען זיצען אין דערהיים.

האט אבער די אמעריקאנער פלוניתטע קיין געדולד נישט צו ווארטען אזוי לאנג אויף איהר „באי", און די טאג האט איזאק דערהאלטען פון איהר א בריוועל, אז היות די געשעפטען אין אמעריקע געהען זייער שלעכט און דאס גאנצע געלד איהרע האט זי פערלוירען אויף דער בירזשע. פאהרט זיך דערייבער ארויס קיין פוילען און זי בעט דעם מאן צוגרייטען פאר איהרטוועגען עפים א שיינע דירה...

געהט איצט ארום איזאק א צוחושטער אין שווארץ, ווי די ערד...



## זי וויל נישט לעבען מיט א פערשלאפענעם מאן... און פערלאנגט א גט.

אין שטאדט דערצעהלט מען איצט א טשיקאווע געשיכטע, וועלכע דערמאנט מיט זיך די מאדערנע גט־פראצעסען.

די פריילין לאה'קע ק. האט מיט 2 יאהר צוריק חתונה געהאט מיט'ן פראווינצער יונגערמאן חיים ר. דער שידוך איז געווען א „געראטענער" און חיים ר. האט בעקומען די מעגליכקייט זיך איינצוארדנען ד. ה. דער שווער האט איהם פערזארגט מיט א גוטע שטעלע. אין א האלב יאהר ארום האט חיים די שטעלע פערלארען, מ'האט איהם ענטזאגט מחמת ער איז




ענדע פון זייט 7

געווען מאָדנע אומפינקטליך. פלעגט תמיד פערשפעטיגען זיך צו דער אַר-בייט, פלעגט פערשלאָפען פיל זאַכען א. א. וו.

דער שווער האָט איהם ווידער איינ-געאָרדענט אויף א שטעלע. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך לאַנג נישט גע-האלטען און מ'האָט איהם ענטזאָגט צוליב די זעלבע „מעלות" וואָס פריהער.

די פרוי איז אויך פון איהר מאַן נישט געווען צופרידען. זי האָט גע-האלטען אין איין בעקלאָגען זיך פאר איהרע קרובים, אז זי קאָן מיט אזא מענשען נישט לעבען.

לויט איהרע רייד איז די הויפט-סיבה דערפון, וואָס איהר מאַן האָט א מאָדנע שוואכקייט צום שלאָפען.

ביי איהם איז רעכט א גאנצען טאָג צו שלאָפען. אינדערפריה, ווען מ'פלעגט איהם דאַרפען וועקען צו דער אַרבייט, פלעגט דאָס אָנקומען כקריעת ים-סוף און פינדעסטוועגען פלעגט ער תמיד פערשפעטיגען.

די טעג איז די פרוי אוועק פון איהר מאַן צו איהרע עלטערן און פאָדערט איצט פון איהר בעל-דבר ער זאָל זי גט'ן.

— איך קאָן מעהר נישט לעבען מיט אַ'זא מין פערשלאָפענעם מענש — האָט זי קאטעגאָריש ערקלערט איהרע שטובּ'נע און טראכט אפילו מעהר נישט א'בערערעדען.

ווי עס ווייזט אויס וועט דער גט צושטאנדקומען.



וואָקען, הענדשקעס, רעפּאראַמען, און וועש
קליידער באַלאָווע און וויעטשאראָווע
FIRMA MADAME MARIE
Plac 3. MAJA № 3






## זיכערע הילף און א רפואה

**אָהן א אָפּעראַציע, אָהן בלוט, אָהן א מעסער, און אָהן בלוט-פערגיפטונג פאר קראַנקע אויף קילעס פאַר מענער, ווייבער און קינדער, פערשידענע קאליקעס אין גוף פאַר הויקערס און פ'ס,**





פערלאָזט אייך נישט, ווייל דער ווינקעל-ברוך ווערט גרויס אזוי ווי א מענשען קאָפּ, אָדער אזוי ווי אַ וואַסער-קאַן און עס פאַלט אריין אין דעם כוס און דער קראַנקער איז אין א גרויסער סכנה דורך פער-דרייען די קישקעס ווערט ער בראַנדיג און שטערבליך. ספעציעל גומענע הייל-באַנדאַזשען אויסגעצייכענט גוט דורך גרויסע פראָפעסאָרען מיט פיינע בעהאַנד-לונג און פון דייטשען פראָפעסאָר-דאָקטאָר בראַכגרעהינג בעזייטיגען זיכער דעם שווערסטען און געפעהרליכסטען ברוך. אויך פאַר הויקערס ליידונגען מיט הייל-באָרסעטען און אפּאַראַטען פאַר פערקרימטע פוס און פלאַט-פוס ספעציעלע איינלאַגען אין די שיך. קינסטליכע גומענע פיס און הענד, גומענע זאָקען פאַר די גרעסטע קראַנקע אָדערן.

עמפפאַנגט א גאנצען טאָג אָהן איבּעררייס.

**Hotel Europejski, Radom p. Nr. 17**

בעמערקונג: דאָס פערזענליכע ערשיינען פון די קראַנקע איז אונבע-דינגט נויטיג. דיפּלאָמען האָבען אויסגעשטעלט פאָלגענדע אוניווערזיטעט-פראָ-פעסאָרען: פראָפ. ד"ר באַראַנטש, דיר. י. מאַרישלער, פראָפ. ד"ר גר. קיעלאַנאַווסקי און אויך אַנדערע

מיר נעמען אויך אָן פערזיכערטע פון דער קראַנקען-קאַסע

### דאַנקזאַגונג.

איך דאַנק הערצליך דעם דיר. סאַבאַ ראַפּאַפּאָרט פון לעמבערג קראַ-שיצקי 8, וועלכע נעמט יעצט אָן אין ראַדאָם, האָטעל אייראָפּעיסקי 17, ספעציאַליסטין פאַר ברוך-ליידענדע פאַר איהר טרעפליכער און ערפאָלגרייכער פערלעגען מיר א גומענעם הייל-באַנדאַזש פון אייגענער ערפינדונג. איך האָב געטראָגען באַנדאַזשען פון פּאַריז, וויען, לאָנדאָן, ווארשא און קראָקא און אלע האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר מיר אונגוצליך, אדאַנק אָבער דער קינסטלערין ראַפּאַפּאָרט. וועלכע האָט זיך גענעגען די גרעסטע מיה מיך פון דעם ברוך אָבצוראַטעווען אזוי, אז איך פיהל זיך היינט גאָר אַ גאַנץ אַנדערער מענש און איך פיהל זיך מונטער און געזונד.

מיט אכטונג יוסף ראָזענבערג סקארישעווסקא 15.

בעקאַנטמאַכונג.

ה"ר ישעי' זלאטניק האָט זיך איבערגעצויגען אויף דלוגא 18, וואו ער נעמט אָן אַלערליי דיני-תורות און ערלעדיגט שנעל, רעיעל און צופרידענשטעלענד.

— די — שענסטע **טאַפּעטען** צו זעהר ביליגע פרייזען קען מען נור בעקומען אין דער לאַנג-יעהריגער פירמע

**ש. שטיינמאַן**
ראַדאָם, לובלינער 21.

*Kino dźwiękowe „ŚWIT"*
Dziś i dn. następnych
**KRÓL ŻEBRAKÓW**
Nad program: Wspaniałe dodatki dźwiękowe.

| *Kino CORSO Teatr* | *Kino ODEON Teatr* | *Kino „Nowe Czary" Teatr* |
| --- | --- | --- |
| Dziś i dni następnych | Od poniedziałku 22 Grudnia r. b. | Dziś i dni następnych! |
| **Trędowata** | **Kobieta na Torturach** | **A IMIĘ JEJ KOBIETA** |
| *Na scenie: REWJA* | —Nad— program **Pat i Patachon** | w roli głów. *Ramon Novarro* |

Redaktor Ch. M. Herc

Drukarnia Wyd. „Radomer-Kelcer Leben" Radom Szwarlikowska 20.